# סוֹד אֱלוֹהַ.

א געשפרעך פון א כריסטען מיט א מאהמעדאנער
וועגען דער דריי־איינינקייט.

פון

## ANTONIUS.

Erzbischof von Wolhynien und Shitomir.

---

איבערזעצט פון יעל.

---

סוֹד יְהוָֹה לִירֵאָיו.
(תהלים כ"ה, י"ד).

---

[illegible]. געדרוקט און [illegible]

זיטאמיר 1911.

    

# סוֹד אֱלוֹהַ.

אִיבראַהִים, אַ בעטאָגטער טאַטאַרישער מוללאַה, און דער פּסאַלאָמסציק (קאַנטאָר, חזן) איוואַן פֿעדאָטאָוויץ, וועלכער האָט גוט געקענט די טאַטאַרישע שפּראַך, זיינען געוועזען גוטע בעקאַנטע. אָפֿט האָבען זיי ביידע גע'שמועה'סט וועגען אמונה־זאַכען און לאַנגע וכוחים געפֿיהרט, וועלכע אמונה איז די ריכטיגע, די מאַחמעדאַנישע אָדער די כריסטליכע. איין מאָל, נאָך אַזאַ וכוח, האָט איבראַהים צו איוואַנען אַ זאָג געטהאָן: „איך ווייס, דו ביסט אַ קלוגער מענש; וואָלסטו נור קענען זיך בעשליסען, איינמאָל מיט כונה אונזערן קאָראַן דורכצולייענען, בין איך גאַנץ בטוח, דאָס דו וועסט אַ גוטער מאַחמעדאַנער ווערען.“ — „אָט דאָס זעלבע האָב איך דיר געוואָלט זאָגען“, האָט דער פּסאַלאָמסציק מיט אַ שמייכעל געענטפֿערט. „איך ווייס, דו ביסט אַ גוטער מענש, און וועסטו דעם ברית־חדשה איינמאָל דורכלייענען, וועסטו דאָס כריסטענטום ליעב בעקומען און איבערצייגט ווערען, אַז דאָס כריס־טענטום איז אמת, און דו וועסט זיך לאָזען טויפֿען.“

„ווייסטו וואָס,“ האָט דער מוללאַה אויסגערופֿען, „גיב מיר דיין ברית חדשה און איך וועל דיר געבען דעם קאָראַן. מיר בעשטימען אַ צייט פֿון פֿערציג טעג, און אין דיזער צייט וועט איטליכער פֿון אונז זוכען זיך צו בעקאָנען מיט דעם בוך פֿון דער פֿאַר איהם פֿרעמדער אמונה. פֿאַר דעם סראָק וועלען מיר קיין וואָרט איבער אמונה־זאַכען ניט רעדען, און זיך אפילו ניט זעהן.“

געזאָגט — געטהאָן. איוואַן פֿעדאָטאָוויץ האָט אָנגעהויבען דעם קאָראַן צו לייענען און איבראַהים דעם ברית־חדשה. ווען זיי האָבען צופֿעליג זיך געטראָפֿען, האָט זיך זיי שטאַרק געלוסט אַ פּאָר ווערטער מיט'ן אַנדערן צו שפּרעכען, אָבער געדענקענדיג דעם תנאי וואָס זיי האָבען אויסגענומען, זיינען זיי שטיל זיך פֿערבייגעגאַנגען. דעם פֿערציגסטען טאָג אין דער פֿריה

איז איבראַהים מיט גליהעדיגע אויגען און פֿונקעלדיגע באַקען געקומען צו לויפֿען צום פּסאַלאָמסטיק. ער האָט תיכף ומיד געוואָלט אָנהויבען צו רעדען וועגען דעם עוואַנגעליום און די בריעף פֿון די אַפּאָסטאָל, דאָך האָט ער זיך איינגעהאַלטען און נור אַ פֿרעג געטהאָן: „נו, געפֿעהלט דיר דער קאָראַן?"

„אַ סך זאַכען אין קאָראַן געפֿעלען מיר, האָט דער פּסאַלאָמסטיק געענטפֿערט, אָבער דיזע זאַכען זיינען מיר שוין לאַנג בעקאַנט געוועזען פֿון כריסטליכע ספרים, וועלכע זיינען פֿערפֿאַסט געוואָרען אַ סך יאָהרען נאָך פֿאַר מאַהאָמעד'ס צייט, פֿון וועלכע ספרים מאַהאָמעד האָט דאָס גענומען, וואָס ער האָט די מענשען געלעהרענט, ווי למשל, אַז גאָט איז גרויס און הייליג, אַז מיר מוזען אָבגעבען צו איהם אונזער גאַנץ לעבען, ערפֿילען זיין הייליגען רצון, זיך דעמוטיג בויגען פֿאַר די גזרות וואָס ער שיקט אויף אונז, אַז מיר דאַרפֿען צדקה געבען און דעם אָרעמאַן אונטערשטיצען א.ז.וו. ניט אמת, דו האָסט וועגען דעם אין ברית־חדשה ניט וויניג געלייענט?

„יאָ, געלייענט האָב איך דאָס; מאַהאָמעד האָט אָבער נאָך פֿיעל אַנדערע זאַכען געלעהרענט, אַחוץ די וואָס דו האָסט דערמאָהנט." — „דו האָסט רעכט, האָט דער פּסאַלאָמסטיק געענטפֿערט, אָבער דעם אמת זאָגענדיג, אַלע די זאַכען, וואָס מאַהאָמעד האָט געלעהרענט, וועלכע אָבער שטעהען אין ברית־חדשה ניט, האָבען מיר גאָר ניט געפֿעלען. וועגען דעם וויל איך אָבער ניט רעדען; טהו איך דאָס, וועסטו נאָך אפשר אויף מיר ברוגז ווערען, און דאָס וויל איך פֿאַר קיין געלט ניט. טהו מיר די טובה און דערצעהל מיר בעסער, וואָס פֿאַר גוטס דו האָסט געפֿונען אין ברית־חדשה."

„מיר איז געפֿעלען כמעט אַלץ, וואָס איך האָב דאָרטען געלייענט," האָט דער מוללאַה געענטפֿערט, און איך בעדויער זעהר, וואָס איך בין ניט אייער ספר פֿריהער ניט בעקאַנט געוועזען. דו ווייסט, איך בין אַן אָפֿענער מענש און ליעב קיינע קונצען ניט, דאַרום וועל איך זיך פֿאַר דיר מודה זיין ווי פֿאַר אַ גוטען מענשען — גרינג צו טהאָן איז דאָס מיר ניט, און דו וועסט'ס געוויס בסוד האַלטען פֿאַר מיינע פֿרויען און פֿריינד — דאָס בעת איך האָב געלייענט די רייד פֿון ישוע המשיח, וואו ער לעהרענט אונז, אונזער שונא פֿון גאַנצען האַרצען מוחל זיין, און גאָט מיט'ן גאַנצען האַ־צען צו ליעבען, האָב איך מחמת שמחה און ריהרונג געוויינט און דאָס בוך געקושט. און ווען איך בין געקומען צו „מעשי השליחים", וואו דאָס לעבען און ווירקען פֿון דעם אַפּאָסטאָל פּולוס זיינען בעשריבען, האָב איך אַ נדר געטהאָן, איהם מעהר ניט צו שילטען, ווי איך האָב דאָס פֿריהער געטהאָן. און פֿונדעסטוועגען — אַ כריסט וועל איך ניט ווערען. זעה נור צו! דו זאָגסט, מאַהאָמעד האָט צום כריסטליכען גלויבען קיין שום גוטעס ניט

צוגעלייגט, איך אָבער זאָג דיר, חאָצי אפילו ער האָט אַ סך גוטע זאַכען אויסגעלאָזען, איין גוטע זאַך האָט ער דאָך צו אייער אמונה מוסיף געוועזען, אָדער בעסער געזאָגט, ער האָט אייער אמונה אויסגעבעסערט, רעפּאָרמירט. ער האָט געזאָגט, אַז גאָט איז נור איינער, איהר אָבער זאָגט, אַז עס זיינען פּאַרהאַן דריי געטער: פּאָטער זוהן און רוח הקדש."

דאָ האָט זיך פּעדראָטאָוויץ שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען, און מאַכענדיג מיט די הענד האָט ער אויסגערופּען: „מוללאַה, שעהמסטו זיך ניט לשון הרע אויף אונזער אמונה צו רעדען?!" און מיט אַ געלאַסענער שטימע האָט ער ווייטער געזאָגט: „זאָלען זיך אייערע עמי־הארצים אַזעלכע נאַרישקייטען איינרעדען, אָדער אייערע קרעמער און חיטראַקעס זיי פּער־בּרייטען, וואָרום רעדענדיג וועגען אמונה-זאַכען, איז זייער ציעל ניט דעם אמת צו זוכען, נייערט איינפּאַכע מענשען אָבצונאַרען און צו פּערפּיהרען. אָבער דו איבראַהים, דו רעכענסט זיך דאָך פּאַר אַן אויפריכטיגען מענשען מיט אַ יושר'דיגען חאַראַקטער, זאָג מיר דו אויף נאמנות, וואו אין ברית־חדשה האָסטו געלייענט וועגען דריי געטער? זאָגט ניט משיח אין זיין תפלה קלאָר און דייטליך: „ואלה הם חיי העולם, לדעת אותך כי אתה אלהים לבדך: און דערין בעשטעהט דאָס אייביגע לעבען, דיך צו דערקענען, דאָס אַליין דו ביסט דער אמת'ער גאָט (יוחנן יז, ג)?"

„גוט, גוט, האָט איבראַהים געענטפּערט. דאָס וויים איך, אויך זאָגט דער אַפּאָסטעל פולוס: אל ואב אחד לכל, שהוא על־כל, ואת־כל ובתוך כל: איין גאָט און פּאָטער פּון אַלע, וועלכער איז איבער אַלע, און מיט אַלע, און אין אַלע (אפסיים ד, ו). אויסער דיזע שטעלע זיינען נאָך פּיעל אַנדערע שטעלען דאָ אין ברית־חדשה, וועלכע רעדען וועגען גאָט'ס אייניגקייט (אחדות האלהים), אָבער אין דערזעלבער צייט איז פּון אַנדערע שטעלען גע־דרונגען, דאָס אויך ישוע איז גאָט און דער רוח הקדש אויך, בכן זיינען דאָס דריי געטער."

„לאָמיר דיזע שטעלען אַביסעל גענויער בעטראַכטען," האָט פּעדראָטאָ־וויץ געזאָגט. „איך זעה וויינינגסטענס, דאָס דו האָסט מיין ספר געלייענט און דאָס בערוהיגט מיך. דו ביסט בכן מודה, דאָס אין ברית־חדשה ווערט ישוע המשיח אַנערקענט פּאַר אַ געטליכע פערזאָן?"

„אַהאַ! איך וויים פּאַר וואָס דו פּרעגסט מיך דאָס. פּריהער, נאָכרע־דענדיג אונזערע אַלטע מוללאַהס, האָב איך גע'טענה'ט, דאָס דיזע לעהרע האָבען די קריסטען אין שפּעטערע צייטען, אָנהייבענדיג מיט דעם אַפּאָס־טעל פולוס, פּון זיך אַליין אויסגעטראַכט. איצט אָבער, נאָך דעם איך האָב דעם עוואַנגעליום געלייענט, וויים איך, דאָס אין איהם שטעהט דיזעלבע

לעהרע, וועלכע דער אַפּאָסטעל פּולוס האָט געפּרעדיגט און אין וועלכע איהר גלויבט עד היום, און ישוע המשיח, חאָצי אפילו ער האָט קיין מאָל ניט דירעקט געזאָגט, אַז ער איז גאָט, האָט דאָך אַלעמען צו פערשטעהן געגעבען, דאָס זיין אורשפּרונג איז געטליך, זאָגט ער דאָך: „אני ואבי אחד אנחנו: איך און מיין פאָטער זיינען איינס (יוחנן י, ל)", „אמן אמן אני אומר לכם, בטרם היות אברהם אני הייתי: איך זאָג אייך (בלשון שבועה): איידער אברהם איז געוועזען, בין איך שוין געוועזען (שם ח׳ נ, ה)".

„איך זאָג דיר, איך קלייב גרויס נחת, ווען איך הער פון דיין מויל דיזע טהייערע ווערטער אויס דעם עוואַנגעליום, האָט פעדאָטאָוויץ מיט שמחה אויסגערופען, איך מוז זיך שוין דעריבער פרעהען, וואָס דו ועסט מהיום והלאה שוין מעהר ניט בעשולדיגען דעם אַפּאָסטעל פּולוס און די קריסטען, דאָס זיי האָבען דעם עוואַנגעליום פערפאַלשט".

„דו פרעהסט זיך גאָר אומזיסט", האָט דער מוללאַה געענטפערט. „כל זמן איך האָב געמיינט, די לעהרע וועגען דריי־איינינגקייט האָבען די כריסטען אויסגעטראַכט, האָב איך דעם עוואַנגעליום ניט געהאַלטען פאַר אַ לעהרע פון פיעל־געטעריי; איצט אָבער, האָצי אפילו איך ליעב דעם עוואַנגעליום מעהר אַלץ פריהער און (צווישען אונז זאָל עס בלייבען) מעהר אַלס אונזערן קאָראַן, זעה איך, דאָס נעבען דער הייליגסטער לעהרע וועגען דעם זיטליכען לעבען פון'ם מענשען, שטעהט אין איהם אויך די לעהרע וועגען דריי געטער."

דער פּסאַלאָמסציק איז ווידער אונרוהיג געוואָרען און אויסגערופען: „דו האָסט דאָך אָט דאָ ניט לאַנג אָנגעפיהרט ווערטער אויס דעם ברית־חדשה, וואָס רעדען פון גאָט'ס איינינגקייט?"

„יאָ, אָבער דאָס מאַכט די זאַך נאָך ערגער, וואָרום דאָס בעווייזט ווי דער ברית־חדשה איז פול מיט סתירות. זאָג וואָס דו ווילסט, זאָג פון מיינעט וועגען, אַז גאָט איז אַן איין־איינציגער גאָט, אָבער ווען גאָט האָט נאָך אַ זוהן, זיינען דאָס צוויי געטער, און עקזיסטירט נאָך אַ רוח הקדש, וואָס איז ניט פאָטער און ניט זוהן, זיינען דאָס דריי געטער און ניט איין גאָט."

בעת דער מוללאַה האָט דיזע ווערטער אַרויסגעזאָגט, איז צו זיי צוגעגאַנגען אַן אַלטער מאַן, ווי עס האָט אויסגעזעהן — אַ באַגאָמאָלעץ (פּילגער). זיין קליידונג איז געוועזען אָרעם, ער האָט געטראָגען לאַפּצעס און אַ ברייטען הוט, און זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ פּראָסטען שטעקען. צוגעהענהיג, האָט ער זיך פערבויגט פאַר די צוויי, וואָס זיינען געזעסען אויף אַ קלאָץ, און מן־הסתם האָט ער געוואָלט דעם פּסאַלאָמסציק בעטען אום הכנסת אורחים. הערענדיג אָבער די לעצטע רייד פון דעם טאָטער,

האָט ער זיך ווי אויפֿגעכאַפּט, זיך אויסגעצויגען אין זיין גאַנצער הויך, און געבענדיג דעם פּסאַלאָמסציק, וואָס האָט עפּעס געוואָלט זאָגען, אַ ווינק צו שוויגען, האָט ער זיך אַ קעהר געטהון צו איבראַהים מיט דער פֿראַגע: „אָבער האָסטו אויך דעם גאַנצען עוואַנגעליום דורכגעלייענט?"

„יאָ, זאָגט יענער, דעם גאַנצען עוואַנגעליום, און אויך די בריעף פֿון די אַפּאָסטעל".

„איך דאַנק גאָט דערפֿאַר, האָט דער באַגאָמאָלעץ געזאָגט מיט אַ זיפֿץ; שוין דערפֿאַר גופא זאָג איך דיר, דאָס דו ביסט אַ גוטער מענש".

„אָבער ווער ביסטו דען, אַלטער מאַן?" האָט דער מוללאַה אַ פֿרעג געטהון, אַביסעל פֿערוואונדערט איבער זיין חוצפּה, ניט וויסענדיג, זאָל ער אין כעס זיין אָדער לאַכען דעריבער; „דאָס גאַנצע דאָרף האַלט מיך פֿאַר אַ גוטען מענשען, און דיינע שבחים בעדאַרף איך ניט, האַלט זיי פֿאַר זיך! פֿעדאָטאָוויץ וועט דיר אויך אָהן דעם געבען אַ שטיק ברויט און אַ אָרט צו איבערנעכטיגען".

„געוויס בין איך הונגעריג און שלעפֿעריג און דערצו נאָך דער גרינג־סטער פֿון אַלע, אָבער אונזער גואל ישוע המשיח איז דער בעסטער פֿון אַלע, און פֿון זיין כבוד וועגען און אויך וועגען דיין ישועה וויל איך די גאַנצע נאַכט אַן אויג ניט צומאַכען, איך וויל היינט און מאָרגען גאָרניט ניט עסען, ווען דו ווילסט נאָר מיט מיר וועניגסטענס אַ שעה צייט שמועה'סען וועגען די הייליגע לעהרע פֿון דער דריי־איינינגקייט."

פֿערוואונדערט האָט דער מוללאַה בעטראַכט דעם אָרעמאַן, זיין בלאַ-סען פּנים, וואָס האָט געפֿלאַמט פֿון אַ אינערן פֿייער, און זיינע אויגען, וואָס האָבען זיך דערהויבען צום הימעל. — „פֿאַרוואָס ווילסטו הונגערן, האָט ער צו איהם געזאָגט, איך זעה אַז דו ביסט אַ ירא שמים; לאָמיר בעסער אַלע דריי צו מיר אין שטוב געהן און אַביסעל אָנבייסען, וועלען מיר דערנאָך הערען, וואָס דו האָסט צו זאָגען."

אַריינקומענדיג אין שטוב האָבען דעם מוללאַה'ס צוויי פֿרויען הינטער דעם פֿאָרהאַנג פֿערוואונדערט אָנגעקוקט דעם אָנגעקומענעם אָרעמאַן; פֿעדאָטאָוויצען האָבען זיי שוין אָפֿט ביי זייער מאַן געזעהן, און זיין קומען האָט זיי גאָרניט פֿערוואונדערט. און בעת דער מוללאַה איז צום פֿאָרהאַנג צוגעגאַנגען דאָס עסען צו נעהמען, האָבען זיי איהם שווייגענדיג עסען פֿאַר דריי פּערזאָן דערלאַנגט.

נאָך דעם עסען האָט דער מוללאַה צום אַלטען אַזוי געזאָגט: „זיידע, איך גלויב צו וויסען וואָס דו ווילסט מיר זאָגען, אָבער דאָס האָב איך שוין געהערט פֿון זיין זוהן, דעם סעמינאַריסטען (דערביי אָנווייזענדיג אויף דעם

פסאַלאָמסציק). געוויס וועסטו מיר זאָגען דאָס גאָט איז איינער, אָבער אין איהם זיינען דריי פּרצופים, און דיזע דריי פּרצופים זיינען איינס, אַזוי ווי אין דער זון ליכטיגקייט און וואַרעמקייט זיינען מיט איהר איינס, אָדער גלייך צו אַ מענשען, וואָס פון זיין מויל קומען אַרויס אי הויך און אי ווער־טער, דער מענש איז אָבער איינער. דיזע משלים קומען מיר אָבער פּאַר ניט מעהר ווי דברים בטלים. איך גופא קען דיר אויך אָנרופען אַ סך זאַ־כען, וואָס בעשטעהן אויס איינצעלנע חלקים, וועלכע צוזאַמען בילדען נור איין זאַך, למשל אַ טיש: ער האָט פיער פיס, דער פינפטער טהייל איז די ברעט, און דאָך איז עס נור איין טיש; דער פענסטער בעשטעהט אויס פיער גלאָז־שויבען, דערצו קומט נאָך דער האָלצערנער ראַם, און דאָך איז עס נור איין פענסטער. אָבער אַלע די זאַכען געהערען ניט צו אונזער ענין."

„פאַר וואָס געהערט דאָס ניט צו אונזער ענין?" האָט איוואַן פעדאָ־טאָוויץ אַרופ געטהון.

„ווייל דאָס זיינען נור ניט־לעבעדיגע זאַכען, דאָס אַנדערע איז אָבער אַ לעבעדיג וועזען. בעווייז מיר דאָס צוויי היהנער זיינען נור איין עוף, דריי לייבען זיינען נור איין חיה, אָדער דריי מענשען נור איין מענש! דאָס וועסטו מיר אָבער קיין מאָל ניט קענען בעווייזען. דריי מענשען וועלען אין אייביגקייט דריי זיין און ניט איינער, און בכן מוז איך בעהויפּטען, דאָס איהר האָט דריי געטער און ניט איין גאָט."

„וואָס וועט זיין ווען איך וועל דיר דאָס יאָ בעווייזען," האָט דער אַלטער געפרעגט?

„בעווייזטו מיר דאָס, האָט דער מוללאַה אויסגערופען, זאָג איך צו, תיכף ומיד צו ווערען אַ כריסט און זיך לאָזען טויפען! אָבער דו וועסט קיין מאָל ניט אימשטאַנד זיין מיר דאָס צו בעווייזען," האָט ער גיך צוגעלעגט אויף אַ הויכען קול, וואָרום פון הינטער דעם פאָרהאַנג האַט זיך געלאָזט הערען אַ בייזערדיגער הוסטען.

„ניין און נאָך אַמאָל ניין, דו וועסט מיר דאָס קיין מאָל ניט קענען בעווייזען, און אַ כריסט וועל איך קיין מאָל ניט ווערען. גיכער וועל איך דיך איבעררעדען אָנצונעהמען דעם איסלאַם," האָט ער ווידער אָנגעהויבען אויף אַ קול. „לאָמיר אָבער אונזער געשפּרעך דרויסען פאָרטזעצען, צוערשט וועסטו רעדען און דערנאָך איך, אין דער צייט זאָל מען פון טיש אַראָב־נעהמען." — פעדאָטאָוויץ האָט זיין היטעל גענומען און אַרויסגעהענדיג האָט ער דעם מוללאַה אין אויער אַ זאָג געטהאָן: „אוי, קענען אָבער דיינע ווייבער זיך גוט בייזערן! קום, לאָמיר וואָס גיכער פון זיי אַוועקגעהן."

זיי האָבען ווידער זייערע פּלעצער אויף דעם קלאָץ איינגענומען, און דער מוללאַה האָט מיט אַ ביטערן שמייכעל אַזוי אָנגעהויבען: איין זאַך איז מיר שווער, איך קען זיך קיין מאָל ניט ביי אייך אָנלערנען צו האָבען געדולד מיט די ווייבער. פאָלגען זיי מיר ניט אָדער מישען זיי זיך אַריין אין מיינע עסקים, ברענגט דאָס מיך אין אַזאַ כעס אַריין, אַז וואָלט איהר ניט דערביי געווען, וואָלט איך זיי שוין גוט אָנגעלערענט ווי דאָס מויל צו האַלטען. אייער פּולוס זאָגט, דאָס מאַן און ווייב זיינען איין גוף, ביי מיר איז דאָס אָבער פערקעהרט. איך פיהל זיך ווי איך וואָלט געווען ליכט און זיי פינסטערניס, איך וואַרעם און זיי קאַלט; וואו איך בין איז קיין אָרט ניטאָ פאַר זיי, און וואו זיי זיינען — דאָרט איז מיר ענג. היינט זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, ווי קען עס מעגליך זיין, דאָס צוויי אָדער דריי וועזען זאָלען זיין איינס. פאָטער, זוהן, רוח הקדש – איינס, צוויי, דריי: דריי געטער, אָבער ניט איין גאָט".

„דו האָסט דעם געשפרעך גוט אָנגעפאַנגען, האָט דער אַלטער גע־ענטפערט, און איצט וועלען מיר ווייטער ריידען."

„נו רייד דו, און איך וועל הערען."

„ניין, האָט דער אַלטער געזאָגט, דו אַליין זאָלסט ריידען, איך וועל דיר נור אויספרעגען, כדי דיין אייגענע נשמה, און ניט איך, זאָל דיר דעם אמת אַנטפּלעקען. קודם כל וויל איך דיך פרעגען, האָסטו שטענדיג אָט דעם געפיהל, דאָס דו מוזט פיהרען אַ מלחמה מיט דיינע ווייבער וועגען דער דעה אין דיין הויז? דאָס וויל איך צוערשט וויסען, און דערנאָך: פיהלסטו אין דיר, דאָס דו פיהרסט אַ מלחמה מיט אַלע מענשען, זוכענדיג איטליכען פון זיי פון אָרט אַוועקצושטופּען, אָדער פיהלסטו זיך צו איינעם מעה־צוגעצויגען ווי צו דעם אַנדערן?"

דער מוללאַה האָט אַן אויגענבליק געשוויגען, דערנאָך האָט ער גע־ענטפערט: „נאַטירליך, די געפיהלען צו מיינע פרויען ענדערען זיך וואָס אַמאָל: בין איך אין כעס, דוכט זיך מיר, די גאַנצע וועלט וואָלט צו ענג געווען פאַר אונז דריי, בין איך געלאַסען, הינדערן זיי מיך ניט אָבער פיהלען אַ בעדערפעניס נאָך זייער געזעלשאַפט פיהל איך ניט, איך בין שוין 65 יאָהר אַלט, און זיי אויך זיינען שוין באַלד אין די זעכציגע, פון ליעבשאַפטען קען דערפאַר ביי אונז קיינע רייד מעהר ניט זיין. אונזערע זמירות האָבען מיר שוין אָבגעזונגען."

„גוט, זאָל זיין ווי דו זאָגסט, האָט דער אַלטער געענטפערט. „זאָג מיר אָבער דאָס: גיט עס ניט צייטען, ווען דיין האַרץ בייענקט נאָך דער געזעל־שאַפט פון דיינע פרויען, ניט פון תענוג וועגען אָבער כדי צו האָבען

אימעצען, פֿאַר וועמען דו זאָלסט קענען דיין האַרץ אויסרעדען, למשל ווען דו ביסט אַ לעננערע צייט געטרענט געוועזען פֿון זיי?"

„נו, געוויס טרעפֿט זיך אַמאָל, אַז איך פֿערבענק זיך נאָך מיינע אַל־טעטצקעס", האָט איבראַהים געענטפֿערט. „אָבער לאָמיר בעסער איבערגעהן צו אונזער ענין; מיר זיינען דאָך צוזאַמענגעקומען צו רעדען וועגען גאָט און ניט וועגען אַלטע ווייבער."

„מיר וועלען שוין קומען צו גאָט אויך," האָט דער באָגאָמאָלעץ גע־ענטפֿערט מיט אַ שמייכעל, אָבער נאָך איינם וויל איך, מוללאַה, פֿון דיר וויסען, ליעבסטו קיינעם ניט אויסער דיינע פֿרויען? האָסטו קינדער?"

„איך האָב נאָך אַ טהייערן זוהן, מיין ליעבען שאַקירד, אין קאַזאַן. אָ, ווי אומעדיג ווערט מיין האַרץ, ווען איך האָב זיך לאַנג מיט איהם ניט געזעהן. גראַד אין די טעג דאַרף ער קומען אַהיים, און איך וואַרט אויף איהם פֿון טאָג צו טאָג. ער איז אַ זעהר עדעל קינד, און חאָצי אפילו ער איז אַ סך געלערענטער פֿון מיר, ווייס ער מיר דאָס קיין מאָל ניט לאָזען מערקען, כדי ניט מבייש צו זיין דעם אַלטען פֿאָטער. אומגעקעהרט, ער וויל אימער פֿון מיר לערנען, און ער, דער נאַרעלע, שיינט גאָר ניט צו מערקען, אַז איך ווייס זעהר גוט, דאָס ער איז פֿיעל קליגער אַלס זיין פֿאָ־טער, און אַז איך פֿרעה זיך דעריבער; איך פֿרעה זיך אָבער נאָך מעהר איבער זיינע דעמוט (ענוה) און זיין שטענדיגען פֿערלאַנג מיר נאָכצוגעבען און מיר צו ווילען צו טהון. איך האָב אויך אַ טאָכטער געהאַט, אָבער זי איז לא עלינו געשטאָרבען".

„איצט, גוטער מוללאַה, זאָג מיר, האָט דער אַלטער ווייטער געזאָגט, פֿאַר דיר און דיין זוהן איז די וועלט ניט צו ענג און איהר שטעהט קיין מאָל ניט איינער דעם אַנדערן אין וועג, ווי דער פֿאַל איז אָפֿט מיט דיינע פֿרויען?"

ביי דיזע ווערטער האָט אַ גליקזעליגער שמייכעל בעשיינט דעם מול־לאַה'ס פנים, און ווען ער האָט אָנגעהויבען פֿון זיין געליעבטען זוהן צו רעדען, איז ער געקומען אין אַזאַ התלהבות, דאָס ער האָט גאָר אין גאַנצען פֿערגעסען דעם הויפּטצוועק פֿון'ם וכוח: „וואָס זאָגסטו? האָט ער אויס־גערופֿען, וואָלטען מיר אונז בעפֿונען אפילו אין מיט'ן ים אויף אַ קליינעם פֿעלז, וואָלט אונז אויך דאָרטען ניט ענג געוועזען, איינער וואָלט פֿאַר דעם אַנדערן פלאַץ געמאַכט, נאָך מעהר, איטליכער פֿון אונז וואָלט אָנגעגרייט געוועזען זיך אין וואַסער צו וואַרפֿען, כדי דעם אַנדערען צו רעטען".

„זעהסטו, מוללאַה, האָט דער באָגאָמאָלעץ געזאָגט, ניט אומעטום און ניט אַלע מענשען שטעהן איינער דעם אַנדערן אין וועג. אפשר ווילסטו

אונז ערצעהלען, צו האָסטו ניט מיט דיינע פֿרויען געהאַט אַזעלכע מאָ־מענטען אין לעבען, ווען דו האָסט זיך געפֿיהלט איינס און איניג פֿעראייניגט מיט זיי ווי מיט דיין זוהן ?"

ווען דער מוללאָה האָט געענטפֿערט, האָט ער עפּעס ווי פֿאַר זיך געריעדט, פֿערגעסענדיג אַלע אַרום זיך, פֿאָלגענדיג נור דער שטים פֿון זיין האַרצען: „אָה, יאָ! אָבער דאָס פּאַסירט נור אין צייטען פֿון פֿעראייניג־טער און געמיינזאַמער טרויער, בעת מיר דערמאָנען אונז אין אונזער טאָכ־טער פֿאַטימאַ. זי איז געווען אַזאַ גוטע און עדעלע נשמה, דאָס מיינעביידע פֿרויען האָבען איהר אַזוי אי־ניג געליעבט, אַז אפילו שלמה המלך וואָלט ניט געקענט טרעפֿען, וועלכע פֿון ביידע איז די ווירקליכע מוטער געוועזען. מיינע געשטאָרבענע טאָכטער, די טהייערע נשמה, האָט נור איין שטרעבען געהאַט, דעם שלום אין אונ־זער הויז צו דערהאַלטען, און האָבען מיר אין אחדות געלעבט, האָט זי מחמת שמחה געטאַנצט, אַזוי ווי מען וואָלט איהר אַ טהייערע מתנה גע־געבען".

„זיי אַזוי גוט און זאָג מיר נאָך, ווען ביסטו דעם אמת נעהענטער, בעת דו פֿיהרסט מיט דיינע פֿרויען מחלוקת וועגען דער דעה אין שטוב, אָדער בעת איהר אַלע אינאיינעם דערמאָהנט אייך אין אייער געשטאָרבענע טאָכטער ?"

איבראַהים האָט אָנגעהויבען צו לאַכען, „נו, ווי קענסטו מיר אַזאַ שאלה פֿרעגען ?! מחלוקת פֿיהרען איז קיין גוטע זאַך ניט, אומגעקעהרט, אַ גרויסע נאַרישקייט. בעת מיר רעדען וועגען פֿאַטימאַ און פֿערגיסען טרעהרען איבער איהר, דאַמאָלס פֿיהל איך, דאָס איך בין קיין בייזער מענש ניט און זיי זיינען גוטע ווייבער; זעהסטו אָבער, דאָ קומט דער שטן, פֿערדרעהט אונז אַ קאָפּ און מיר הייבען ווידער אָן איינער דעם אַנדערן צו פּלאָגען, פֿערגעסענדיג, ווי נאַריש און גרויזאַם דאָס איז. דער־מאָהנען מיר אונז אָבער ווידער אין אונזער פֿאַטימאַ, קען איך דאַמאָלס אין די אויגען פֿון מיינע אַלטעטשקעס לייענען זייערע געדאַנקען און איך גופא דיינק און זאָג מיר: הלואי וואָלט עס תמיד אַזוי אויסזעהן אין אונזערער נשמה ווי איצט, וואָלטען מיר אונז דאַמאָלס שוין קיין מאָל מעהר ניט געקריגט אָדער געשאָלטען וועגען געלד. שלום און ליעבע זיינען טהייערער פֿון גאָלד. יאָ, מיינע גוטע פֿאַטימאַ, גאָט האָט דיר פֿון אונז אָבגעריסען, אָבער ווען מיר רעדען וועגען דיר, זיינען מיר דריי גלייך ווי איין נשמה, דאַמאָלס פֿליהט פֿון אונז דאָס בייזע, און נור דאָס גוטע בלייבט: מיר אַלע דריי פֿיהלען דאַמאָלס אפילו וואָס איטליכער פֿון אונז דיינקט, יאָ,

אָפּטמאָל שיינט עס אונז, אַזוי ווי פּאַטימאַ וואָלט ביי אונז געזעסען און זיך געפרעהט איבער אונזער אחדות און שלום".

איצט האָט דער באָגאָמאָלעץ אָנגענומען דעם מוללאַה ביי דער האַנד און געזאָגט: „מוללאַה, זאָג פון איצט אָן ניט מעהר, אַז עס איז אונמעג־ליך, דאָס צוויי אָדער דריי וועזען זאָלען קענען איינס ווערען. האָסטו ניט גראַד איצט געזאָגט, דאָס אָפּטמאָל הערשט אין אייך נור איין נשמה און איין געדאַנק ?"

„אוי, חיטרער (ליסטיגער) אַלטער, האָט זיך דער מוללאַה אַ חאַפּ געטהון, דו האָסט מיר מיט מיינע אייגענע רייד געפּאַנגען". ער האָט דאָס אָבער געזאָגט אָהן כעס, אין געגענטהייל, מיט שמחה. נאָך דעם האָט ער דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען און האָט לאַנגזאַם געזאָגט: „יאָ, איך האָב פון דיר און פון מיר גופא נייעס געלערענט, דו ביסט אַ גוטער און קלוגער מענש. זאָג מיר, איך בעט דיר, דייטליכער, וואָס איז צו שליסען פון מיינע רייד".

„נו, גוט", האָט דער באָגאָמאָלעץ פריינדליך און פרעהליך געענט־פערט. „פון דיינע רייד קומט אַרויס, דאָס די מענשען קענען נור דעריבער ניט גלויבען, דאָס די דריי פרצופים אין אלהות (גאָטהייט) קענען איין געטליך וועזען בילדען, ווייל זיי, איך חזר דאָס איבער, לעבען צווישען זיך אין אומפרידען און דיינקען, דאָס יעדער מענש, איבערהויפּט יעדעס לע־בענד וועזען, איז אַ שונא צו אַלע אַנדערע, און בכן איז עס אונמעגליך פאַר איינעם מיט דעם אַנדערן איין וועזען צו זיין. ווידער קומט פון דיינע רייד אַרויס, דאָס דער האַס־געפיהל פון התנגדות, דיזער קאַמפף פון אַלע געגען אַלע, שוואַכט זיך אָב, ווען זיי אונטערוואַרפען זיך ניט דעם שטן און יצר־הרע, וואָרום ער איז דאָס וואָס מאַכט אָן מחלוקת צווישען מענשען און פערפינסטערט זייער שכל. דאַמאָלס פיהלען זיי אין זיך ליעבע איינער צום אַנדערן, וועלכע פעראייניגט זיי, עס איז זיי ניט ענג צוזאַמען, פער־קעהרט, זיי פרעהען זיך איבער זייערע פעראייניגונג און פיהלען זיך צוזאַ־מען זעהר גליקליך. און ווען זאָגאַר איינער פון דיזע ליעבענדע גוטע מענ־שען בעפרייט זיך פון זיין גוף און נור זיין ריינער גייסט בלייבט איבריג אין דעם זכרון און האַרצען פון די מענשען, פיהלען זיינע קרובים דאָך אין דערזעלבער צייט ניט נור אַ טיעפען טרויער איבער די שיידונג פון דעם גע ליעבטען נייערט אויך, דאָס דער געשטאָרבענער איז זיי זעהר נאָהענט—אין זייער זכרון און האַרצען — און דורך דעם פיהלען זיי אויך, דאָס זיי זיי־נען איינער מיט דעם אַנדערן אַזוי שטאַרק פערקניפּט, אַזוי ווי זיי וואָלטען נור איין איינציגע נשמה געהאַט. און הער נור וואָס איך זאָג דיר איצט:

דער פֿאָטער האָט קיין מחלוקת ניט מיט דעם זוהן און דעם רוח הקדש, דער שטן קען זייער גייסט ניט צוזרודערן, און דאַרום טרענען זיי זיך קיין מאָל ניט. היינט זאָג: ווען אפילו מיר זינדיגע מענשען האָבען אַזעלכע מאָמענטען, ווען אונזער האַרץ איז בעלויכטען פֿון אמת, אין וועלכע מאָ־מענטען אַלע אונטערשיידע צווישען אונז פֿערשווינדען און מיר פֿיהלען אונז ווי איין נשמה וואָלט אונז אַלע פֿעראייניגט און בעהערשט, וויפֿיעל מעהר וועלען דער פֿאָטער און דער זוהן און דער רוח הקדש תמיד פֿיהלען און ערקענען זייערע איינהייט? און ווען איהר, דו און די דיינע, אין די פֿער־נונפֿטיגסטע מאָמענטען פֿון אייער לעבען פֿיהלט די איינהייט פֿון אייער נשמה, וואַרום זאָגסטו דאָ, דאָס אונזערע לעהרע, נאָך וועלכער דער פֿאָ־טער און דער זוהן און דער רוח הקדש זיינען איין גאָט, און ניט דריי, איז אַ פֿאַלשע?"

הערענדיג די פֿאַר איהם נייע געדאַנקען האָט דער מוללאַה פֿערוואונדערט זיין מויל און אויגען ווייט געעפֿענט; אַ לאַנגע צייט האָט ער גאָר נ׳שט געקענט זאָגען, האָט זיך נור דעם שטערן מיט דער האַנד געריבען. — „האַלט! האָט ער צולעצט אַ רוף געטהון, נאָך איין וואָרט! פֿון דיינע ראיות איז געדרונגען, דאָס ניט נור גאָט קען אין דערזעלבער צייט זיין אי איינהייט און אי מעהרהייט, זאָנדערן מיר מענשען אויך, אָבער זעה נור, מיר בילדען דאָך קיינע איינהייט ניט. געוויס קען מיר אָפֿטמאָל שיינען, דאָס מיין נשמה פֿליסט צוזאַמען מיט די נשמות פֿון אַנדערע מענשען, וועלכע איך האָב ליעב, אָבער ראשית כל ליעב איך ניט אַלע און אויך יענע, וועלכע איך האָב יאָ ליעב, בלייבען דאָך געטרענטע וועזען".

„מיין פֿריינד, האָט דער אַלטער פֿריינדליך געענטפֿערט, דו האָסט דאָך אַליין געזאָגט, דאָס דו פֿיהלסט דאַמאָלס די איינהייט מיט אַנדערע מענשען ניט, ווען דו בלאָנדזעסט אויף פֿאַלשע וועגען, און אומגעקעהרט, ווען דו ביסט אַ אמת׳ער און פֿערנונפֿטיגער מענש, דערלעבסטו דיזע נשמה־איינהייט. און ווען דאָס איז ביי דיר זעלטען דער פֿאַל, און ביי אַנ־דערע כמעט קיין מאָל ניט, זאָלען מיר דען דערמיט דעם אמת אויסמעס־טען? און ווען אפילו אַלע מענשען טהון תמיד זינדיגען, פֿונדעסטוועגען זאָגען מיר ביידע, דאָס זינדיגען איז אונפֿערנונפֿטיג, און טוגענד אַליין איז דער אמת, חאָצי אפילו מיר טרעפֿען די טוגענד אויף דער ערד זעהר זעלטען."

„גוטע און קלוגע רייד שפּריכסטו, האָט איבראַהים אַריינגעזאָגט, און דאָך איז מיר זעהר שווער צו גלויבען, דאָס מיין נשמה זאָל קענען זיך פֿעראייניגען מיט אַלע מענשען, אפילו מיט מיינע שונאים."

דאָ האָט זיך דער פּסאַלאָמסטיק אַריינגעמישט אין געשפּרעך: „האָט דיר דען ניט געפעלען די לעהרע פון ישוע המשיח, דאָס אונזער נעכסטער איז ניט נור יעדער פון אונזערע קרובים אָדער פריינד, נאָר איבערהויפּט יעדער מענש ?"

„אָה, געוויס, זי האָט מיר זעהר געפעלען, בעזונדערס האָט מיר גער־יהרט דער משל וועגען דעם שומרוני דעם בעל־רחמן. אַ שומרוני דערזעהט זיין שונא, אַ יודען, אויף וועלכען גזלנים זיינען אָנגעפאַלען, ליגען האַלב־טויט אויף דער ערד. זיינע לאַנדסלייט געהען איהם פערביי און קימערן זיך אין איהם ניט, ווייל זיי ווילען איהם ניט העלפען. ווען דער שומרוני האָט דאָס געזעהן, איז ער אַראָבגעשטיגען פון זיין עזעל, האָט דעם קראַנקענ'ס וואונדען ריין געוואַשען, און איהם דערנאָך אַרויפגעלעגט אויף זיין עזעל און אין אַן אכסניא געפיהרט, און אַליין איז ער צופוס געגאַנגען. יאָ, דיזער שומרוני איז אַלעמענס נעכסטער געוועזען, און לייענענדיג דיזען משל האָב איך ביי זיך געטראַכט: וואָס בעסער און קלוגער אַ מענש איז, דאָס מעהר זעהט ער אין אַלעמען זיינע פריינד, און דער בעסטער איז דער וואָס ליעבט אַלע און זעהט אין קיינעם ניט זיין שונא".

„און נאָך נעהענטער צו אַלע מענשען שטעהט דער מענש, האָט דער אַלטער געזאָגט, וועלכער גיט זיך אָב גאָר־אין־גאַנצען ישוע המשיח צו דיענען. ביי איהם פערשווינדען דאַן אַלע אייגענע אינטערעסען, גאָרנישט קען איהם דערביטערן אָדער אויפרייצען, אויס עגאָאיסטישע אורזאַכען געגען אַנדערע צו קעמפּפען, אויך איז זיין נשמה מיט דער נשמה פון זיינע מיט־מענשען פערבונדען, און ער פיהלט זייער וועהטאָג און זייערע זינד גלייך ווי זיי וואָלטען געוועזען זיינע אייגענע. געדיינק וואָס דער אַפּאָסטעל פּולוס זאָגט אין זיין בריעף צו די גאַלאַטער: בני אשר אני מחולל שנית עד כי יוצר בכם המשיח — מיינע ליעבע קינדער וועלכע איך מיט געבורטס־וועהטאָג געווין נאָכאַמאָל ביז משיח וועט אין אייך אַ דייטליכע געשטאַלט בעקומען (גלט' ד, יט), און אין אַ אַנדערע שטעלע פרעהט ער זיך איבער די שטאַנדהאַפטיגקייט פון די קריסטען, גלייך ווי דאָס וואָלט געוועזען זיינע אייגענע: על כן אחי החביבים והנחמדים, שמחתי ועטרת ראשי, עמדו-נא כן באדנינו, הביבי — דאַרום מיינע געליעבטע און טהייערע ברידער, מיין פרייד און מיין קרוין, בלייבט פעסט שטעהן אין אונזער האַר, מיינע גער־ליעבטע (פיליפיים ד, א). און דאָס זיינען זיינע געפיהלע צו די צוהערער פון זיינע דרשות: פינו פתוח לכם, אנשי קורנתוס, ורחב לבנו. לא צר לכם המקום בנו, אך צר המקום במעיכם — מיר האָבען אונזער מויל געעפענט צו אייך, איהר מענער פון קאָרינט, און אונזער האַרץ איז ווייט און ברייט.

אין אונז איז אייך ניט ענג, אָבער ענג איז אונז אין אייך (כ׳ קורנתיים ו, יא. יב) דאָס זיינען די געפֿיהלע וואָס דער הייליגער אַפּאָסטעל פּולוס האָט אין זיך געטראָגען צו ווילד־פֿרעמדע מענשען. קען אַ מוטער נאָך הייסערע געפֿיהלע האָבען פֿאַר איהר קינד?"

„אָבער דאָס זיינען דאָך ניט מעהר ווי געפֿיהלע, האָט איבראַהים גע-ענטפֿערט. אַ חוץ דעם זאָג איך נאָכאַמאָל, פּולוס איז אַ גרויסער, אַ הייליגער מאַן; אונזערע למדנים זידלען איהם, דערפֿאַר וואָס זיי קענען איהם ניט. אבער פּולוס און אַלע גוטע און אַלע בייזע מענשען האָבען טראָצדעם געלעבט געטרענט איינער פֿון דעם אַנדערן, איטליכער פֿון זיי האָט גע־לעבט אין זיין בעזונדערען גוף, גלייך ווי מיר לעבען איטליכער בעזונדער".

„יאָ, האָט דער באַגאָמאָלעץ געענטפֿערט, איצט, שיינט עס, לעבען מיר געטרענט, ווייל מיר זיינען פֿון אונזער גוף בעגרעניצט. אָבער נאָך דעם טויט בעפֿרייען זיך די מענשען פֿון איהם, און נאָך תחית המתים ווע-לען זיי אַזעלכע גופים ערהאַלטען, ווי דער אויפֿגעשטאַנדענער משיח האָט געהאַט, פֿאַר אַזעלכע גופים עקזיסטירען מעהר קיינע הינדערניסע ניט, אויך ניט אין רוים, ווייל זיי, פֿריי פֿון אַלע בעגרענצונגען, בעוועגען זיך שנעל פֿון איין אָרט צום אַנדערן, געהן דורך מויערן ווי דורך די לופֿט, ווי דאָס איז בעשריבען אין עוואַנגעליום."

דערצו האָט דער מוללאַה געענטפֿערט: „פֿון דיינע ווערטער קען מען אַלזאָ שליסען, דאָס די מענשען, נאָכדעם ווי זיי זיינען בעפֿרייט גע־וואָרען פֿון גוף און פֿון דער זינדע, וועלען ווערען גלייכזאַם איין מענש, און דערביי דאָך בלייבען געטרענטע אינדיווידועןן? ווען דו וועסט מיר בעווייזען, דאָס די ביבליע ענטהאַלט אָט דיזע לעהרע, וועל איך דאַמאָלס גלויי־בען, דאָס דו האָסט מיר די לעהרע וועגען דער דרייאייניגקייט ריכטיג ערקלעהרט".

„אויף דעם קען איך ענטפֿערן, האָט דער פסאַלאָמסציק, צור פֿער־וואונדערונג פֿון דעם אַלטען, מיט שמחה אויסגערופֿען: דער אַפּאָסטאָל פּולוס שרייבט, דאָס גריכען און יודען, וועלכע האָבעןביידע פֿריהער איינער דעם אַנדערן פֿאַר שונאים גערעכענט, זיינען, נאָכדעם ווי זיי זיינען מאמינים געוואָרען אין ישוע המשיח, צו איין מענשען פֿעראייניגט געוואָרען. איך וויל אָנפֿיהרען זיינע אייגענע ווערטער: כי הוא שלומנו, אשר עשה השנים אחד והרס מחיצת הגדר בבטלו האיבה... לברוא בנפשו את השנים לאדם אחד חדש ויעשה שלום — וואָרום ער—דער משיח — איז אונזער פֿריע־דען וועלכער האָט ביידע טיילע פֿעראייניגט און האָט צושטערט די מחיצה (צווישען יודען און גוים) פֿון דעם גדר (וואָס די יודען האָבען) אַרום זיך

געמאַכט) און דערמיט האָט ער בטל געמאַכט די פֿיינדשאַפֿט (וואָס האָט געהערשט צווישען יודען און גוים)... כדי אין זיך גופא פֿון די צוויי צו בע-שאַפֿען איין מענש, אַ נייעס, און שלום געמאַכט (אפסיים ב, יד. טו). וועגען דעם האָב איך פֿריהער געלייענט ביי די קירכען-פֿעטער (אבות הכנסיה), איך האָב דאָס אָבער ניט געקאָנט ריכטיג בעגרייפֿען: זיי רעדען שטענדיג, דאָס די נאַטור פֿון מענשען איז איינס, אַזוי ווי די נאַטור פֿון דער גאָט-הייט איז איינס, נור איז אונזער נאַטור דורך די זינד אָבגעשוואַכט, זי וועט אָבער ווידער דאָס ווערען, וואָס זי איז פֿריהער געוועזען, דורך די גאולה וואָס ישוע המשיח האָט געבראַכט פֿאַר די וועלט. אַזוי זאָגט אויך גרעגאָריוס הקדוש פֿון ניססאָ: „דו פֿרעגסט מיר, ווי קענען דער פֿאָטער און דער זוהן און דער רוח הקדש ניט דריי נייערט איין גאָט זיין, ווען די מענשען, למשל פטרוס, פולוס און יוחנן ניט איין איינציגען מענשען נייערט דריי בילדען? דערויף וועל איך דיר ענטפֿערן, זאָגט גרעגאָריוס הקדוש, דאָס דער אויסדרוק „דריי מענשען" איז אונריכטיג, וואָרום די מענשהייט איז נור איינס, נור די פערזענליכקייטען זיינען פֿערשיעדען. דאָס גילט אָבער נור פֿון דער מענשהייט, ווייל זי איז בעשרענקט דורך דעם גוף און דורך די זינד, אין דער גאָטהייט אָבער, וואו אַלע פערזאָנען זיינען היי-ליג, ניט-קערפערליך און ניט-בעשריינקט, עקזיסטירט קיין שום טהיילונג ניט, נייערט — „איינער איז באמת אונזער גאָט". — „יאָ, אַזוי אונגעפֿעהר שטעהט עס, האָט דער באַגאָמאָלעץ צוגעלייגט; פֿון זכרון ציטירסטו די ווערטער פֿון גרעגאָריוס הקדוש אין זיין בריעף צו אַבלאַליוס."

דעם מוללאַה'ס פנים האָט געגליהט מחמת שמחה און אויך וועגען דעם גאַמפף אין זיין נשמה, און גאַנץ אויפֿגערעגט האָט ער אויסגערופֿען: „איך וויים גאָרנישט פֿון אַ גרעגאָריוס הקדוש, — ווייז מיר אַזעלכע ווערטער פֿון ישוע המשיח, פֿון וועלכע עס איז געדרונגען, דאָס ליעבע און פֿער-נונפֿט וועלען מיט אַזאַ כח איבער די מענשען טריאומפֿירען, דאָס פֿאָלקאָ-מענע אחדות וועט צווישען זיי הערשען, און די „רבים", די פֿיעלע, וועלען „אחד", איינס ווערען, וועל איך דאַמאָלס גלויבען אין דעם הייליגען דריי-איינגען גאָט און ווערען אַ תלמיד פֿון ישוע המשיח". — זאָגענדיג דאָס, איז איבראַהים אויפֿגעשפרונגען און אויסגערופֿען: „אָ! דאַמאָלס וועל איך בעגרייפֿען, פֿאַר וואָס די קריסטען לעגען אַזאַ ווערטה און האַלטען אַזוי טהייער די לעהרע וועגען דער דריי-איינינקייט. עס וועט מיר דאַמאָלס קלאָר זיין, דאָס די אמונה אין אחדות פֿון דעם פֿאָטער און דעם זוהן איז דערפֿאַר נויטווענדיג פֿאַר דער מענשהייט, כדי מיר מענשען זאָלען ניט אָהן אַ אייפֿהער בעהערשט זיין פֿון אַלגעמיינע מחלוקת, נייערט האָפֿען און

וואַרטען אויף אַ בעסערן לעבען, וואָרום ווען אין דעם וואַהרען גאָט הערשט פּיעלהייט אין איינהייט און איינהייט אין פּיעלהייט, פּאַר וואָס זאָלען מיר צווייפּלען, דאָס די צוטהיילונג צווישען אונז וועט אַמאָל זיך ענדיגען, און מיר מענשען וועלען איינס זיין אין ליעבע ווי דער דריי־איינינגער גאָט איז איינס! געפּין מיר אַזעלכע ווערטער אין עוואַנגעליוס אָדער אין ברית-חדשה, האָט ער ווידער אויסגערופּען, וועל איך די לעהרע וועגען דער דריי איינינ-קייט טייערער האַלטען פּאַר אַלע אוצרות אין דער וועלט."

„אלה הדברים — דאָס זיינען די רייד, האָט איוואַן פּעדראָטאָװיץ פּייער-ליך געזאָגט, עפּענענדיג דעם ברית חדשה, וואָס דער מוללאַה האָט איהם היינט צוריקגעבראַכט. הערצו, מיט וועלכער תפלה ישוע המשיח האָט געענדיגט זיין אָבשייד־רעדע צו זיינע תלמידים: אולם לא לבד בעד אלה אנכי מעתיר לך כי אם גם בעד המאמינים בי על פי דברם. למען יהיו כלם אחד כאשר אתה אבי בי אתה ואני בך, והיו גם המה בנו כאחד, למען יאמין העולם כי אתה שלחתני: אָבער ניט אַליין פּאַר דיזע בעט איך צו דיר, נייערט אויך פּאַר אַלע וואָס וועלען אין מיר גלויבען דורך זייער וואָרט (פּריי-דיגט), כדי זיי אַלע זאָלען איינס זיין, אַזוי ווי דו, פּאָטער, ביכט אין מיר און איך אין דיר, און אויך זיי זאָלען איינס זיין אין אונז, כדי די וועלט זאָל גלויבען, דאָס דו האָסט מיך געשיקט..." ערנסט און מיט אַ פּייערליכען טאָן האָט פּעדראָטאָװיץ דיזע ווערטער געלייענט, ווי ער איז אָבער געקומען צו די ווערטער „למען יאמין העולם", האָט ער זיך פּאַר ריהרונג ניט גע־קענט איינהאַלטען, און וויינענדיג האָט ער ווייטער געלייענט: „למען יהיו אחד כאשר אנחנו אחד נחנו, אני בהם ואתה בי, למען יהיו מְשֻלמים לאחד ולמען ידע העולם כי אתה שלחתני ואהבת אותם כאשר אהבתני: כדי זיי זאָלען איינס זיין גלייך ווי מיר זיינען איינס, איך אין זיי און דו אין מיר, דאָס זיי זאָלען פּאָלקאָם איינס ווערען, כדי די וועלט זאָל ערקענען דאָס דו האָסט מיר געשיקט און דאָס דו ליעבסט זיי ווי דו האָסט מיר געליעבט (יוחנן יז, כ—כג)."

דאָס זאָגענדיג איז פּעדראָטאָװיץ פלוצלינג געפּאַלען איבראַהימען אויף'ן האַלז: „ברודער, האָט ער אויסגערופּען, פּערלייקען ניט דיין ערלייזער. דו האָסט מיר שוין דיין וואָרט געגעבען, דאָס דו וועסט זיין תלמיד ווערען, ווען איך וועל דיר אָנווייזען אַזעלכע רייד פּון משיח'ן." איבראַהים'ס אויגען זיינען געװוען פּול מיט טרערען: „אָבער — מיין זוהן, מיינע פּרויען!" האָט ער אויסגערופּען און זיין פנים מיט זיינע הענד בעדעקט. פלוצלינג האָט ער געפּיהלט, ווי אימעצער האָט זיינע הענד אָנגעריהרט און זיי מיט קושען בעדעקט: „דיין זוהן איז אין זיין נשמה שוין לאַנג אַ כריסט", האָט ער געהערט,

„און ער בעט, דו זאָלסט איהם די ערלויבנים געבען, זיך צו לאָזען טויפֿען, און ווען מעגליך, דו צוזאַמען מיט איהם.” ניט גלויבענדיג זיינע אייגענע אויערן, האָט דער מוללאַה זיינע הענד געלאָזען זינקען, און דאָ האָט ער דערזעהן זיין זוהן פֿאַר זיך, ליגענדיג אויף די קניע. ער האָט איהם תיכף צו זיך געצויגען, איהם אַרומגעאַרעמט, געקושט זיינע אויגען און זיין שטערן, און דערנאָך האָט ער אויפֿגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל און געזאָגט: „ישוע המשיח, דו גרויסער בעל־רחמן! איצט בין איך דיינער, און קיינער וועט מיר ניט קענען אָבהאַלטען אָפֿען פֿאַר דער גאַנצער וועלט צו בעקענען מיין גלויבען אין דיר, אפילו ווען מיין לעבען וועט דערפֿאַר אין סכנה זיין. זאָלען זיך מיינע אָרעמע פֿרויען פֿון מיר שיידען, אָבער איך וועל זיך בשום אופן מעהר ניט שיידען פֿון מיין האַר ישוע המשיח!”

„אונזער האַר, האָבען ביידע פֿרויען געזאָגט, מיר האָבען דיין גאַנצען וכוח מיט דיזע גוטע מענשען צוגעהערט; און חאָטשי אפילו מיר האָבען ניט אַלעס פֿערשטאַנען וואָס מיר האָבען געהערט, האָבען מיר דאָך געפֿיהלט און געשפירט, דאָס זיי האָבען דיר גאָט'ס וואָרט פֿערקינדיגט. דיין אמונה וועט אויך אונזער אמונה זיין; נאָך דעם כריסטליכען דין דאַרפֿסט דו ניט האָבען צוויי פֿרויען, אָבער מיר וועלען דיינע שוועסטערס און דינערינס זיין, נור פֿערלאָז אונז מיט דיין זוהן ניט. דעם מוללאַה'ס שמחה האָט קיין גרענייץ ניט געהאַט, און ער האָט געוויינט מחמת גרויס שמחה. — „זיי דו אונזער אונטער־פֿיהרער צו דער טויפֿע,” האָט ער געזאָגט צו איוואַן פֿעדאָטאָוויץ, דריקענדיג איהם די הענד. „אָבער דו, הייליגער מאַן, האָט ער זיך אומגעקעהרט צו דעם באָגאָמאָלעץ, ערלויב מיר נאָך דעם כריסטליכען מנהג זיך צו פֿערבויגען פֿאַר דיר.” ווי גרויס איז געוועזען די פֿערוואונדערונג פֿון דעם מוללאַה ווען ער האָט בעמערקט, דאָס דער אַלטער איז שוין מעהר ניט געוועזען ביי זיי. אָנפֿאַנגס האָט ער געמיינט, דאָס דער אַלטער איז נור אויף אַ קורצע צייט אַוועקגעגאַנגען, און האָט דאַרום דעם פּסאַלאָמסציק געבעטען אָוועגדס צוזאַמען מיט דעם אַלטען צו איהם צו קומען. אָוועגדס איז איוואַן פֿעדאָטאָוויץ געקומען און דערצעהלט, דאָס ער האָט דעם באָגאָמאָלעץ בשום אופן ניט געקענט געפֿינען. און אַזוי האָבען זיי זיך קיין מאָל ניט דערוואוסט, ווער דיזער מענש איז געוועזען.



